# די

# גרעפין איבער נאכט

אדער

## נאטאריוס אלס רויבער הויפטמאן

ראמאנס פרוויקילט מיט רויבר געשיכטע

דער לעזער ווירד זעהר אונטערעסאנטעס
דרינגען פינדען

---


ווארשא

בדפוס ר' פסח לעבענזאהן נ"י

שנת תרמ"ב לפ"ק


---

ГРАФИНЪ ЧЕРЕЗЪ НОЧЬ

или

Нотаріюсъ какъ полководецъ разбо?никовъ..

Варшава 1882 г

# דיא

# גרעפין איבער נאכט

אָדֶער

# נאטאריוס אַלְס רויבער הויפטמאן

ראמאנס פרוויקעלט מיט ר״יבר געשיכטע

דער לעזער ווירד זעהר אונטערעסאנטעס
דרינען פינדען

---

## ווארשא


בדפוס ר׳ פסח לעבענזאהן נ״י

שנת תרמ״ב לפ״ק


---

ГРАФИНѢ ЧЕРЕЗЪ НОЧЬ

или

Нотаріюсъ какъ полководецъ разбо іпиковъ


Варшава 1882 г

אין דעם יאהר 1621 איז געוועזן איין גראף אין שפאניען. איין
קאוואליער. ער האט זיך פאהר גענומען קיין מאל נישט צוא
הייראטין. ווייל ער האט זיך איין געבילדעט. דאס דיא פרויען
ענן פאלש דיא מענר. ער וואר זעהר רייך. ער האט גיהייסן
מיט זיין נאמן לעאפאלד. ער מאכט אלע מאל גרויסע בעללער.
אונד עס געפינט זיך ביא אים אויף דיא בעללער. גראפין אונד
פירשטין אונ ווייל דר גראף לעאפאלד איז געוועזן זעהר געליבט
ביא דיא גרעסטע לייט. באוואונדרן זייא אים זעהר ווייל ער וויל
נישט הייראטן. אויף דעם באל. האבין זיך אלע אן גירעט. דאס
זיא מוזן דעם גראף לעאפאלד איבר רעדין. דאס ער זאל יא
הייראטן. אלע מיט איין מאל זאגין זייא צום גראף. שלאגט דיר
אויז נארישן איינבילדונג אויס דען גידאנקן ארויס אונד פערמיס
מיט דאס הייראטן. דוא ביסט זעהר רייך. פארברענקסט דיא
נאך איין שלעכט לעבין. דיא האסט דיך מיט קיינעם נישט
אונטער צוא האלטין. דיא האסט מיט קיינם ניט שפאצירן צוא
געהן. האסט קיינע קינדר. ווירסט שטארבין ווער וועט דיך
בעדינן. מיט איין ווארט דו ביסט אומגליקליך מיט דיין נארישן
איין-בילדונג. דר גראף לעאפאלד ענפערט זייא. אוב-וואהל איך
וויס זעהר גוט בייא מיר דאס דיא ווייבר פאלש זענן די מענר.
וועל איך אייך צו ליב טאן. אונ וועל הייראטין. נור פון גראפין
אונד פון פירשטן וועל איך ניט הייראטן. ווייל אממערסט צווישן
דיא געפינדעט זיך. וועלכס מיר שוין באיי געוואהנט. ווען איין
אלטער הייראט איין יונגס מיידיל. וויא דר אלטר מאן ביי דעם
נגען ווייב אויס זעהט. זיא האט דעם מאן גאר ניט אין זינן.
זיא ראמאנסירט מיט יונגע לייט. אונ דר מאן איז בייא איהר
דר איבערלאסט. זיא קלעהרט נור איין מיטל מיט דיא יונגע
לייט. וויא אזוי מען זאל פון דעם אלטן לויז ווערין. זייא טראכטן

# גרעפּין

זויא לַאנג בִּיז דֶר מַאן פוּן דֶר וֶועלְט גֵייט. אָבֶּר בַּייא דֶעם נַיידָערִיקֶן שְׁטַאנְד אִיז דָאס דָאךְ נִיט אַזוֹיא גִיפֶעהְרְלִיךְ. זויא נֶעם אִיךְ מִיר פָאר אַיין אַרֶעמֶס מֵיידִיל צוּ הֵייראַטֶען. דָם מֵיידִיל מוּז אָבֶּר שֵׁיין זַיין. מֶען עֶס שׁוֹין זַיין וִויא עֶס וִויל. זֵייא וַוארִין הֶעכְּסְט צוּא פְרִידֶען פוּן זֵיינֶע אַנְטְוָוארְט. רוּפְט זִיךְ אָהְ אֵיינֶר פוּן דִיא גְרַאפִּין. דְרַייסִיג מַיילֶן פוּן הִיר אִיז דָא אַיין שְׁטֶעטִיל. עֶס הֵייסְט מַאנוּעֶר. דְרִינֶען וָואהְנְט אַיין נָאטַארְיוּס עֶר הָאט אַיין אַיינְצִיקֶע טָאכְטֶר זִיא אִיז בִּילְד שֶׁעהְן. זִיא אִיז אַכְצֶעהְן יָאהְר אַלְט. זִיא הֵייסְט מִיט אִיהְר נָאמֶען עֶלִיזַאבֶּעט. זִיא מֶעכְט גְרַאדֶע פַּאסְסִין פַר אַייךְ גְרַאף. זָאגְט עֶר עֶס אִיז זֶעהְר גוּט דָם אִיהר הָאט מִיר פוּן אִיהְר גֶעזָאגְט. מָארְגִין וֶועל אִיךְ דָארְט הִין רַייזֶען. אוּנ וֶועל זַייא זֶעהְן. אַז זִיא וֶועט וִוירְקְלִיךְ זוֹיא שֵׁיין זַיין וַויא אִיהְר זָאגְט. זוֹיא וֶועל אִיךְ זִיא הֵייראַטֶען. זֵייא גִיזֶעגֶענֶען זִיךְ אוּנְד רֵייזִין אָפּ.

דֶער גְרַאף גֶעהְט צוּא מָארְגֶענְס אִין דִיא יוּדֶען גַאסֶע אוּנ קוֹיפְט זִיךְ צוּא רִיסֶענֶע קְלֵיידֶר אוּנ גֵייט צוּ פִּיס נָאךְ מַאנוּעֶר. (עֶר הָאט זִיךְ צוּא פְלַיים פַארְקְלֵייד מֶע' זָאל אִיהְם נִיט דֶערְקֶענֶען) אָבֶּר זַיין גֶעזִיכְט הָאט גִישַׁיינְט וִויא אַיין רוֹיז. זַיין שֶׁעהְנֶעם גִיזִיכְט. אוּנ זַיין אֵיידִילְקֵייט. הָאט מֶען גִיקָאנְט פוּן פָּנִים אָפּ לֶעזִין. דָאס עֶר אִיז אַיין עֶדִילְמַאן. עֶר אִיז אִין אֵיינֶע גְלִיקְלִיכֶע שְׁטוּנְדֶע נָאךְ מַאנוּעֶר גֶעקוּמֶען. עֶר פְרֶעגְט זִיךְ צוּם נָאטַארְיוּס. הָאט מֶען אִיהְם גִיוִויזִין. עֶר עֶפִינְט דִיא טִיהְר בַּיים נָאטַארְיוּס. אוּנ וְרִיסְט אַלֶע. פְרֶעקְט אִיהְם דֶר נָאטַארְיוּס. וָואס אִיז דַיין בַּאגֶער. זָאגְט דֶר אַרְמֶער לִיבֶּר הֶער: הָאט אִיבֶּר מִיר רַחֲמָנוּת. אוּנ נֶעמְט מִיךְ צוּ פַאר אַיין לֶעהְרֶר אַייֶער טָאכְטֶר צוּא לֶערְנֶען שְׁפִּילֶען. אִיךְ דָאס וְרוּנְטְלִיךְ גִילֶערְנְט פָארְטָאפִּיאַן שְׁפִּיהְלֶען. רוּפְט זִיךְ אָן. דֶר נָאטַארְיוּס. אַז אַלְס אִיז גוּט וָואס מֶען זֶעהְט. עֶר רוּפְט

וויהם

אִיהְם אִין פָּאקָאֵי אַבְּרִין. עֶר זֶעצְט זִיךְ הִין צוּא דֶר פְּיַאנֶע. אוּנְ הֵייבְּט אָן צוּא שְׁפִּיהְלֶן. עֶר שְׁפִּיהְלְט וִוירְקְלִיךְ זֶעהְר גוּט. אַלֶע הָאבֶּן זִיךְ פֶערְווּינְדֶערְט אִיבֶּר זַיין פַיין שְׁפִּילֶן. זָאגְט דֶער גָאמַטאַרִיוּס אִיר קָאנְט בַּיי מִיר בְּלַייבֶּן. אִיר זָאלְט מַיינֶע טָאכְטֶער אוֹיס לֶערְנֶען שְׁפִּילֶן. דִיא טָאכְטֶער זֶעצְט זִיךְ נֶעבֶּן אִיהְם. בַּייא דִיא פָארְטָאפִּיַאן. אוּנ עֶר לֶערִינְט זִיא. זִיא לֶערִינְט זֶעהְר פְלַייסִיג. אִין אֵיינִיגֶע מאָנָהְייט שְׁפֶּעהְטֶער. שְׁפִּיהְלְט זִיא שׁוֹין נִיט מֶעהְר מִיט זוֹיא אַיין פְלַייס. ווייל אִיהְרֶע גֶעדַאנְקֶען וַואר נוּר אוֹיף דֶעם לֶעאָפָאלְד. זִיא הָאט זִיךְ אִין אִיהְם פֶערְלִיבְּט.

עֶס דָארְט נִיט לַאנְג זָאגְט עֶלִיזַאבֶּעט צוּ אִים. הֶער לֶעאָפָאלְד אִיךְ קֶען אִין מִיר נִיט מֶעהְר הַאלְטֶען. אִיךְ מוּז אַייךְ זָאגֶען. אִיךְ הָאבּ מִיךְ אָן אַייךְ פַארְלִיבְּט. אִיר זָאלְט ווִיסֶען אַז אִיךְ וֶועל אַייךְ נִיט הֵיירַאטֶען מוּז אִיךְ שְׁטַארְבֶּען ״דֶע״ אִיךְ שְׁטַארְבּ פַאר אַייֶערְע מְרִיט. זָאגְט דֶר לֶעאָפָאלְד. אָבֶּר לִיבֶּע פְרֵיילִין עֶלִיזַאבֶּעט. וַויא קֶען דָאס זַיין. אִיךְ בִּין אֵיין אָרְמֶער אוּנ אִיר זֶענְט רַייךְ. וֶוען אִיךְ אוֹיךְ אָן זִיא פֶערְלִיבְּט זַיין וֶוערְט. ווִירְדֶע אִיהְרֶע עֶלְטֶערִין גֶעווִיס מִיךְ פָארְטיָאגֶן אוּנ אִיךְ ווִירְדֶע מַיין שְׁטִיקְ׳ל בְּרוֹיט פַרְלִירֶען. אִיזְט מַיין רַאהְט דָאס אִיר זָאלְט נָאר נִיט פָאר בְּרֶענְגֶען פוּן דִיא לִיבֶּע. זִיא זָאלִין זִיךְ אוֹיס דִיא גִידַאנְקֶען אַרוֹיס שְׁלָאגֶען. עליזאבעט פַאלְט אוֹיף דֶעם לֶעאָפָאלְד אוּנְד גִיבְּט אִים אֵיין קוּשׁ. אוּנ זָאגְט דוּא בִּיכְט מַיין מַאן דוּא בִּיכְט מִיר גֶעפָאלֶען. אוּנ מִיט קֵיין אַנְדֶערִין ווִיל אִיךְ נִיט הֵיירַאטֶען. נוּר מִיט דִיר. אוֹיךְ וֶוען מַיינֶע עֶלְטֶערִין וֶועלִין נִיט אַיינְווִילִיקֶען. וֶועל אִיךְ אַלֶע מִיטֶלֶן פַארְוֶוענְדִין. אוּנ זַייא וֶועלִין מִיר מוּזֶען נָאךְ גֶעבֶּין. ווייל אִיךְ בִּין אֵיין אֵיינְצִיקֶע טָאכְטֶער. אִיךְ וֶועל מִיךְ מַאכִין קְרַאנְק. אוּנ וֶועל נִיט עֶסִין. דָא הָאסְט דִיא מַיין הַאנְד דָאס דוּא בִּיכְט מַיין. אוּנ אִיךְ בִּין דַיין. בַּייא אִיהְרֶע וֶוערְטֶער פַארְוַואנְדֶערְט זִיךְ דֶר

לעאפאלד

לעאפאלד . אונ טראכט זיך דאס איך האב מיך ווירקליך געאוהרט . דאס איך האב גיזאגט . דאס דיא ווייבר זענן פאלש דיא מענר . נאט פר גיבע מיר . איך האב די ווייבר בשולדיקט גאר אונשולדיק . אונ זאגט ליבע עליזאבעט . עס מעכט גוט זיין ווען עס זאל זויא דורך גיין וויא דיין פלא: איז . פון מיין צייד בין איך זעהר צוא פריקן . וועלכס איך האב דיך געפונען פר א ווייב וועלכס מיך ליבט . איך בין העכסט צו פרידן . זייא שפילן ווייטר . אבר איהרע גידאנקן איז נאר ניט דאבייא זיא דענקט נור וועגין דעם לעאפאלד . אונ ווע: זי אים איינע שטונדע ניט גיזעה: האט . וואר זיא וויא פעריקט . אין איין גוויכן טאג רופט אריין דר נאטאריוס דעם לעאפאלד אונ זאגט צוא איהם . איך האב מיך אייער טרייהייט איבערצייקט דאס איר איין ערליכר מאן זענד . איר האט מיין טאכטר זעהר גוט אויס גילערינט שפיהלן מעהר האט זיא שוין בייא אייך ניט צו לערנן . נעמט אייך צו זאממן אונ זיכט אייך איין שטעלע . פאר אייער טרייהייט גיב איך אייך איין נייען אנצוג . אונ צעהן גולדין מינץ . ער פרעקט אים זענט איהר צו פרידן . זאגט לעאפאלד איך מוז זיין צו פרידן . ווען עס אנדערש ניט זיין קאן . ער נעמט זיך צוא זאמן זיין ביסיל זאכן אונ געהט ערשט זיך גיזעגענן מיט זיינע געליבטע עליזאבעט . ער קומט אין איר צימר . אונ ווינטשט איהר גוט מארגין . אונ זיפצט . זיא דערשרעקט זיך איבר זיין זיפצן אונ זאגט צו איהם וואס איז דיר ליבר לעאפאלד . ער זאגט צוא איהר ליבע עליזאבעט . דיין פאטר האט מיך היינט אפ גישאפט . אונ איך מוז אוועק גיין . בלייב גיזונד . וויא זיא דיא ווערטר פון אים הערט איז זיא גיפאלין אין אונמאכט .

קוים מען האט זיא ערמונטערט דאס קוים זיא האט דיא אויגין גיעפינט . דר זעהט זיא איהר מוטר . זיא זאגט מיט איין יעמרליך

גנעווין ליבע מוטער זאלסט וויסן דאס איך האב מיך פערליבט
אן דעם לעהרער לעאפאלד. איך מוז אים הייראטן. אונ ווען
ניט מוז איך שטארבין. וויא דיא מוטער דאס הערט זאגט זיא.
טאכטער. וואס פעלט דיר איין. איין ארימען מאן ווילסט דיא
הייראטן. דו ביסט דאך זעהר שיין. דו קאנסט דאך הייראטן-
איין פרינץ אדער איין גראף. זאגט עליזאבעטע. מוטער עס
גיבט פאר מיר קיין אנדערין מאן נור מיין לעאפאלד. דיא מוטער
געהט אריין צוא דעם נאטאריוס. אונ פערציילט איהם דאס
דיא טאכטער האט זיך זויא שטארק פערליבט. אונ דאדורך איז
זיא זעהר קראנק. דער פאטער געהט גישווינד אריין צוא דיא
איינציקע טאכטער. רופט זיא זיך אן מיט איינע שוואכע שטימע.
פאטער איך מוז שטערבין. וויא האסט דיא מיין לעאפאלד
פאריאקט דר פאטער רעט מיט איהר מיט גיטן אונ מיט בייזען
עס העלפט אלס ניט. זיא בלייבט ביי דאס איהריגע. נור איר
לעאפאלד מוז זיא האבין. זיא פערגלייסט די אויגן אונ שפרעכט
שוין גיט מעהר קיין ווארט. מען האט זיא קאהם ווידער דר
מונטערט. דיא עלטערין געהן בטריבט אין איין צימער אריין
אונ קלעהרין זיך אפ וואס זייא זאלין טאן מיט דעם לעאפאלד.
פארט צו טרייבין איהם. אדער נישט. איז ביי זייא געבליבין.
דאס דיא טאכטער קען ווירקליך שטארבין ווען זיא וועט ניט
דעם לעאפאלד הייראטן. דאן ליבע איז קיין קליניקייט. דער
לעאפאלד האלט זיין פעקיל אין דער האנד. אונ ווארט אב ביז
דר נאטאריוס וועט אריין קומען. אונ וויל זיך מיט אים גיזעגענען
דיא עלטערין קומען אריין אין שטיב וויא דער לעאפאלד איז
גיוועזין. אונ זייא זאגין. לעאפאלד. וואס פאר איין ראטאנס
האסט דיא גיפירט מיט אונזער טאכטער ווערינט דער צייט. איך
האב דיך גיהאלטין פאר איין ערליכען מאן. יעצט צייגט זיך

אוים

אוים אויף דיר גאנץ פארקערט. ער ענפערט קיין ווארט. זייא זאגין צוא איהם קום אריין צוא עליזאבעטע און גיזעגין דיך מיט איהר. זייא גייען אלע דרייא אריין צו עליזאבעטע. זיא ליקט גלייך וויא איין טויטע. זאגט דער פאטער צוא איהר טאכטער לעאפאלד וויל זיך מיט דיר גיזעגענען. זיא עפינט דיא אויגין. און זאגט לעאפאלד דוא ביסט דא. קום אהער. און גיב מיר דיא האנד זיא נעמט זיינע האנד. און לאזט אים ניט אפ. איבער איין האלבע שטונדע. דאן זאגט זיא לעאפאלד דוא וועסט פון מיר ניט אוועק. און אז דוא וועסט יא אוועק פון מיר זאג מיר וויא דוא וועסט זיין. ווען איך וועל גיזינד ווערין וועל איך צו דיר הין קומען. די מוזט זיין מיין מאן -- ווי דיא עלטערין דאס הערין. וואהר בייא זייא איין טראהריגע סצענע. ווייל זייא זאלין מיט איין ארמען זייער איינציקע טאכטער פערהייראטען. זיי מוזן אבער זייערע איינציקע טאכטער נאך געבין. זייא זאגין ליבע טאכטער דוא ביסט בייא אונז זעהר טהייער. ווירסט דיא אויך הייראטען דיין לעאפאלד. ווייל דוא איהם ליבסט. און דיא לעאפאלד. לייג דיין פעקיל צוריק אנידער. דען דוא בלייבסט בייא אונז ווייטער. און ווען אונזערע טאכטער וועט געזונט ווערין. וועסט דוא מיט איהר פערלויבט ווערדין. ביסט צו פרידען לעאפאלד. יא זאגט ער. דיא טאכטער עליזאבעטע וואר אינערליך מיט פאלל פריידע. מען האט גיזעהן ווי יעדע מינוט ווירד דיא עליזאבעטע געזונטער. אין איינינע טאג איז עליזאבעטע אין גאנצין געזונד גיווארין. און פערברענקט טאג און נאכט נור מיט איהרן לעאפאלד. זיא עסט ניט אן איהם. און געהט ניט אן אים אום. עס ווערט געמאכט איין פערלאבעניש. און שטימט אב אין דרייא מאנהייט זאל דיא הייראט זיין. ענדע צוויי מאנהייט. קומט לעאפאלד צום נאטאריוס. און זאגט איך מוז יעצט אהיים

רייזן . עֶמְלִיכֶע רַאנִיש צוּ זַאמֶן שַׁאפֶין . אויך עֶטְוַואס קְלֵיידֶר.
דַאן אוּיף דֶר הָאכְצֵייט וֶועל אִיךְ צוּרִיק קוּמֶען עֶר גִיזֶעגֶענְט זִיךְ
אוּנ זֵייא בֶּעגְלֵייטִין אִיהְם . אוּנ נֶעהְמֶען פוּן אִיהְם דָאס וָוארְט
אוֹיף דֶר הָאכְצֵייט צוּרִיק צוּא קוּמֶען . עֶלִיזַאבֶּעטֶע גִיזֶעגֶענְט זִיךְ
מִיט אִיהְם זֶעהְר הֵייס . זִיא קֶעהְרְט זִיךְ פוּן אִיהְם אוּם . וַואהְר
אִיהְרֶע אוֹיגֶין גִישְׁוָואלִין פוּן טְרֶערִין אִיבֶּר זַיין וֶועק גֶעהְן . זִיא
בֶּענְקְט זֵייעֶר . אוּנ הָאפְט אוֹיף זַיין קוּמֶען .

אִין אֵיינִיגֶע מַאנָע שְׁפֶּעטֶער קוּמְט אָן צוּא פָאהְרִין צוּם
נָאטַארְיוּס אֵיין קַארֶעטֶע מִיט פִיהְר פֶערְד נַאשְׁפִּיץ מִיט צְוֵוייא
קָאצֶערְס זֶעהְר אַלֶעגַאנְטִיש גֶעקְלֵיידֶעט עֶס שְׁטַייגְט אַרוֹיס אֵיין
קְלֵיינֶער מֶענְטְשׁ . מִיט אֵיין גְרוֹיסִין הוֹיקֶר . אֵיין לָאמֶע פִיס אֵיין
גְרוֹיסֶע גְרָאבֶּע בְּלָאֶע נָאֶעז . פֶערְפָאהְלְט פוּן טַאבָּאק . דָס גֶעזִיכְט
וַואהְר רוֹיט אוּנ קְרֶעצִיק . נוּר שֵׁיין גִיקְלֵיידֶעט דֶר נָאטַארְיוּס
הָאט אִיהְם זֶעהְר פֵיין אָן גִינוּמֶען . עֶר זֶעצְט זִיךְ . אוּנ זָאגְט אִיךְ
בִּין דֶר גְרַאף אַנְדְרֶעאוּס . אִיךְ הָאבּ נִיט וַוייט גֶעקוֹיפְט דְרַייא
הוּנְדֶערְט אוּנ זֶעכְצִיק דֶערְפֶער . פַארְלַאנְג אִיךְ פוּן אַייךְ נָאטַארְיוּס
דָאס אִיר זָאלְט מִיר דִיא אַקְטִין מַאכִין . דֶר נָאטַארְיוּס נֶעהְמְט
אָהְן דָאס גִישֶׁעפְט . אוּנ שְׁרַייבְּט דִיא אַקְטִין . דִיא קַארֶעטֶע
וָוארְט פַאר דֶר טִיהְר מִיט דִיא פִיהְר שׁוּמֶלְן עֶר זָאגְט צוּם
נָאטַארְיוּס וַוייבּ וֶוען עֶס מֶעגְלִיךְ אִיז מַאדַאם . מִיר אַ הַאלְבֶּע
קְוָוארְט אָקָאוִויט צוּא בְּרֶענְגֶען מֶעכְט אִיךְ מִיךְ דֶר קְוִויקְט . מַ'הָאט
אִיהְם דָאס גְלַייךְ גִיבְּרֶענְגְט . עֶר הָאט דָאס קוֹים אִין צָרוֹת
אִין אֵיין כָאהְל אוֹיס גִיטְרוּנְקֶען אוּנ זָאגְט אִיךְ דַאנְק אַייךְ מַאדַם.
אִיהְר הָאט מִיר מַיין הַארְץ דֶר קְוִויקְט . זִיא פְרַאגְט אִיהְם וִויא
אַלְט זֶענְט אִיהְר . זָאגְט דֶר גְרַאף נַיין אוּנ פוּפְצִיק יָאהְר . אוּנְד
בִּין קַאוַואלִיעֶר . וָוארוּם הֵייַראטֶען זִיא נִיט הֶער גְרַאף . אִיהְר זֶענְט
דָאךְ זוֹא רַייךְ אִיהְר קָאנְט דָאךְ אֵיין פְרוֹי דֶרְנֶעהְרִין . אַנְטְוָוארְט

דער

# גרעפין

דר גראף עס איז וואהר דאס איך בין איין מיליאָנעהר. ג
עס וויל מיך קיינר נישט פאר איין מאן. ווייל איך העסל
בין פון אלע מענטשין. ווען עס וואלט זיך גראד מרעפין א
ארענטליכם מיידיל מעכט זיא ביא מיר זעהר גליקליך זיי
דיא מאדאם נאמאריים ענפערט קיין ווארט. אונד געהט אה
צוא איהרע טאכטר עליזאבעט. אונ זאגט ליבע מאכטר ע
איז דא גיקומן איין רייכר גראף. ער האט גיקויפט דריי הונדער
אונ זעכציק דערפר. אונ דר פאטר שרייבט דרינן: דיא אקטין
ער איז זעהר רייך. נור עס איז וואהר ער איז נים שיין. א
אוב דוא ווילסט אים הייראטין קענסט דוא מיט אים הייראט
עליזאבעטע בשתיים דארויף. זיא זאגט וואס שאד עס מיר
וואס ער איז מיאוס איך וועל דאך ביא איהם זיין איין גרעפי
געלד וועט מיר נישט פעהלין. איך וועל מיר אלע טאג מי
דר קארעטע אויספארין יונג איז ער נישט. ער וועט געווי
נישט לאנג לעבין וועל איך דאך ערשט קענן איין יונגען מא
הייראטן. זיא ווילינט אין. דיא מוטר פרעגט עליזאבעט וואס
וועסט דיא זאגין: ווען דר לעאפאלד וועט קומן. זאגט זיא
וום טויג ער מיר. איין ארעמר קעריל. איך זאל שטארבין ביי
איהם פארהינגר. ער קאן שיין שפיהלן אונ טאנצין. אונ האט
קיין העמד אויף זיין לייב אונ אז ער וועט קומן. וועל איך אים
נים אריין לאזין. דיא מוטר פירט אריין עליזאבעט ביא
דר האנט אונ שטעלט פאר דיא טאכטר פר דעם גראף אונ
זאגט צוא איהם. דאס איז מיין טאכטר ווען דעם גראף געליבט
איז מיין טאכטר צוא הייראטן. זויא קען איך זיא דעם גראף
פר איין פרויא געבין. ער זעהט זיך זעהר פיין אהן. אונד
הייסט עליזאבעט זיצין. זיא זעצט זיך. זיא שמייכעלט צוא
אים אונר גיבט איהם ליבע צייכין. זאגט דר גראף אנדרעאוס

ווילסט

ווילסט דו מיך פר איין מאן האבין. זאגט עליזאבעטע מיט
דעם גרעסטין פערגעניגן. זאגט ער איך בין דאך׃ אבר זעהר
העסליך. זאגט זיא ווען דר גראף נאך איין מאהל אזוי העסליך
וואהרע. מעכטע איך אויך דעם גראפין הייראטן. דען איך האב
איין גיזעהן דאס דר גראף האט איין גוט הערץ. עס גיפעלט
דעם גראף אנדרעאוס איהרע ווערטער זעהר גוט אונ נעמט ארויס
איין ביימל מיט לאהטער גאלדשטיקן אונ שענקט עס איהר.
זיא האט זיך זעהר געפרייט דר גראף לאזט גלייך איין אקט
שרייבין. אונ מאכט באלד פארלאהבונג. אונ בשטוטט דאס
הייראט אין צוויי מאנהייט. אונ אין זיין דארף מוז די הוכצייט
זיין. דר גראף האט זיך גיזעגינט. אונ האט אפ גירייזט.
אום צווייא ביאג שפעטר זעהט מען דורך דעם פענסטר פון
ווייטינס. דעם ארימען לעאפאלד אן קוממען. אויף זיין ריקן
טראגט ער איין היפשן גרויסין פאק. אונ אין דר האנד איין
שטאק אונ ראכט איין פאפייראס. אונ געהט זעהר לוסטיג
אונ גישווינד. וויא ער נעהנטער צום הויז גייט. זעהט ער וויא
עליזאבעט אויס דעם פענסטר ארויס קיקט. ער ציט פון ווייטינס
זיין היט ארונטער. אונ נייגט זיך פון ווייטינס מעהרע מאהל.
ער וואהר זעהר פריילך. אונ דענקט וייל איך מיך שוין זאט
צוא פיס אהן גינאנגן בין. איך וועל דא באלד אריין קוממען
צוא מיינע עליזאבעט. וועל איך מיך שוין גוט אויס ריהען. אונ
וועל דא פול פערגעניגן האבין (אבער עס איז ניט אזויא וויא דר
מענטש וויל). וויא דיא עליזאבעט דר זעהט אים פון ווייטינס.
לאזט זיא גישווינד אראפ דיא ראלעטין פון דיא פענסטר אונ
שליסט צוא אלע טיהרן. אונ זאגט אהן דיא דינסטן מען זאל
דעם לעאפאלד נישט אריין לאזין. ער קומט גאנץ דרייבט צוא
דר טיהר. אונ קלאפט גאנץ דרייסט אהן. מען עפינט ניט

עליזאבעט רופט אריין דורך דער אונטער-טיר דעם סטרוז . אונ זא
צוא איהם רייצע אהן דיא הונד אויף דעם מאן וואס שטייט
דער טיהר . אזויא לאנג ביז ער ווירט אין גאנצין פון דאנען אוו
גיין דער סטרוז לאזט אפ די הינד . זייא שפרינגען ארויף אויף דע
ארימען לעאפאלד . אונ רייסין פון איהם א ראפ דעם ראק מי
דיא הויזין . ער שרייט געוואלד אונ רופט עליזאבעטע זאל קו
איהם צוא הילף . עליזאבעט עפינט דיא טיהר אונ לויפט ארו
מיט איין מאפ וואסער . מיט סאדזים אוים גימישט אונ גיסט א
דעם לעאפאלד פון קאפ ביז פים . קוים דאס לעאפאלד איז מי
דעם לעבין אנטלאפין . ער האט זיך מיט אלע קרעפטין צו זאנ
גענומט . אונ איז מיט איין באטריבט הארץ זיין וועהג אווע
גיגאנגען . עליזאבעט וואהר זעהר פריילין דאס זיא האט זוא אי
קונץ באוויזין . אונ זאגט א הא לעאפאלד ווירד שוין ניט מעה
צוא מיר קומען אונ איך וועל איהם שוין ניט מעהר זעהן . או
זיא לאכט אהן אוף-הער .

דיא צייט פון דער האכצייט מיט דעם גראף אנדרעאוס הא
אהן גערוקט . מען האט איהר גימאכט דאס גאנצע אוסשטאטו
אויף דער העכסטער גראהד . דער גראף שיקט אוים האכציים ברי
צוא אלע גראפין אונ פירשטין . זייא זאלין קומען מיט זייערע
ווייבער אונ הויפדאמען אויף דיא האכצייט פון גראף אנדרעאוס
מיט דער שעהנע עליזאבעט . דאס דארף איז גיוועזין יעדעם הו
באלייקט מיט קראנצין אונ פערציהרט מיט פערשידענע בלי
אונ ביימער . דיא ערד איז גיוועזין באדעקט מיט עכטין בלא
אונ רויטען סאמעט . דיא ביימער איז גיוועזין באהאנגין מיט לאמפ
דאס פייער האט גיוואדפין פערשידענע קאליר . אונ נאך א
גלייבין וועלכעס עס איז ניט מעהגליך . אלס צו בשרייבין . ע
זענען גיוועזין איבער הונדערט מאזיקאנטין . עס וואר אין דעם הוי

א לוסטיג אונ פרייליך . דאס דיא שטיינר פון דיא ווענט האבן
איבר דיא האכצייט גיפרייד . עס זענן גיקומן דיא אלע
אפין . אונ פירשטן מיט זייערע ווייבר אונ דאמן פון דעם
עכטין אדל אנצופאהרן . דיא מוזיק האט געשפיהלט איין
והלקאם . מען האט גילעבט אונ גיטאנצט אגאנצע נאכט .
א מארגינס פריה . ווערט איין גישפאנט דרייסיג קארעטם . צו
הר ווייסע פערד אין דר לענג . אויף יעדר קארעטע איז
יעזין איין קוצר אונ איין לאקאי . ווייסע האלצטיכר ווייסע
סמין ווייסע האנטשן אן גיקלייד אונ אין דר קארעטם זענן
עסין צווא צוויי דאמס . ווייסע אטלאסינע קליידר ניקליידט .
ט בלאע רוטער-באנד פארפיצט . קרענץ אויף דיא קעפ . אונ
דיא הענד רייכע באקעטין זייא פארפארין אלע צום נאטאריוס
א קומן אלע אריין . מען האט דיא אדעלע געסט זעהר פיין
טפאנגן . איבר-הויפט דיא פריילין עליזאבעט . וואהר העכסט
א פרידן . דאס זיא אין זויא איין גיזעלשאפט אריין קומן ווירד .
ס ווערד גיטישט זעהר רייכליך . עס איז גיוועזין פרייד איבר
ייד . נאך דעם באיל פאהרברייטם זיך עליזאבעט . אויף די
זע צום האכצייט . זיא נעהמט אויך מיט איהרע פריינדע ; זיי
ייגין אלע אין איהרע קארעטם אריין . עס ווירד גישפיהלט
ן אדיע . אלס זייא דיא העלפט רייזע אב גיפאהרין זינד .
טן איינינע הונדערט עדעלייטע רייטינדיק ענטקעגין גיקומן .
א רייטין מיט דיא קארעטים גלייך . אונ ווארפין פאר דיא
ריטע וויא דיא שיינע עליזאבעט איז גיזעסין מיט רויזן איבר
ב גאנצין וועג . וויא זייא קומ׳ שוין אהן צוא פאהרן אין
ם טויער פון דעם דארף . האט שוין אב גיווארט די מוזיק .
א האבין אלע מיט איין מאהל . איין וואהל קאם גישפילט .
פארפאהרין פאר דעם שלאס . איז אקיינין גיטאנגן דעם

הִיקִקֶדִיקֶר גְרַאף אַנְדְרֶעאוּס. שְׁטַייגְט אוֹיס צוּם עֶרְשְׁטִין דִיא שֵׁינֶע עֶלִיזַאבֶּט. אוּנ לוֹיפְט צוּ צוּ אִיהְר בְּרוּטִיגַאם (חתן) גְרַאף אַנְדְרֶעאוּס. אוּנ פַאלְט אִיבֶּר אִיהְם. אוּנ קוּשְׁט אִיהְם אָהְנֶע אוֹיפְ-הֶער. דַאן שְׁטַייגִין אַלֶע גְרֶעסְטֶע אוֹיס זֵייעֶרֶע קַארֶעטֶס. אוֹיךְ פוּן דִיא פֶערְדֶע אָפּ. אוּנ גֶעהְן אַלֶע אִין דֶעם שְׁלָאס. מֶען הָאט גִישְׁפִּיהְלְט אוּנ גִיטַאנְצְט. גִיגֶעסִין אוּנ גִיטְרוּנְקֶן אוּנ גִילֶעבְּט זֶעהְר לוּסְטִיג. דִיא נַאנְצֶע נַאכְט וַואהְר פַארְבְּרֶענְקְט מִיט לוּסְטִיקֵייט. דִיא פָּאהְר (חתן כלה) הָאבִּין זִיךְ שְׁלָאפִין גִילֵייגְט. אוּנ זֶענֶן גִישְׁלָאפִין בִּיז צְוֶועלְף אוּהְר אִין דֶר פְרִיה. דִיא נַייֶע גְרֶעפִין עֶלִיזַאבֶּט. אוּנ אִיהר מַאן אַנְדְרֶעאוּס זֶענֶן אַרוֹיס גִיקוּמֶן אַבִּיסֶל אוֹיף דֶעם בַּאלְקָאהְן. אוּנ קִיקֶן זִיךְ אַבִּיסֶל אַרָאפּ. זִיא גֵייט נָאךְ אִין דִי נֵייגְלָעזִיֶע. עֶר גֵייט נָאךְ אִין שְׁלָאפְרָאק. רוּפְט אֵיינֶער אַנְדְרֶעאוּס גֶעהְ הֶערוּנְטֶר. מִיה דִיר צוּרִיק אָן דַיינֶע פָארִישֶׁע קְלֵיידֶר אוּנ גֵייא מִיט דִיא אָקְסִין אוּנ מִיט דִיא קִיה אִין פֶעלְד אַרַיין. דֶען עֶס הָאט קֵיינֶר נִיט וֶוער עֶס זָאל זֵייא הִיטֶן.

דִיא נַייֶע גְרֶעפִין עֶלִיזַאבֶּט. פְרֶעגְט אִיהְר מַאן אַנְדְרֶעאוּס וֶוער אִיז דָאס דֶר וָואס הָאט זִיךְ אוּנְטֶר גִישְׁטַאנֶן צוּא דִיר אַזוֹי צוּ זָאגִין. גֵייא אַרָאפּ אוּנ לָאז אִיהְם גְלַייךְ דֶעם קָאפּ אַרָאפּ נֶעמֶן. נֵיין לִיבֶּע פְרוֹיא עליזאבט. דָאס קֶען אִיךְ נִישְׁט. אִיךְ קֶען נִיט זַיין קֶעגִין אִיהְם אַזוֹי גְרָאבּ. דֶען עֶר אִיז מַיין הֶער. דֶר גְרַאף לֶעאָפָּאלְד. אוּנ אִיךְ בִּין נוּר זַיין פַאסְטָךְ. אוּנ דָאס אִיז זַיינֶע גִיטֶער. עֶר הָאט מִיךְ צוּ פְלַייס פַארְקְלֵייד. פַאר אֵיין גְרַאף. אוּנ הָאט מִיר אַנָאמֶן גִיגֶעבִּין גְרַאף אנדרעאוּס. דוּא בִּיסְט מִיט אִים גִיוֶועזִין פַארְלָאבְּט (אכלה) וֶוען עֶר אִיז דַאמָאלְס גִיגַאנְגִין אָרֶעם פַארְקְלֵייד. אוּנ וִויא דוּא הָאסְט מִיךְ גִיזֶעהְן רַייךְ גִיקְלֵייד. הָאסְט דוּא גִימֵיינְט. אַז אִיךְ בִּין דֶר גְרַאף. הָאבְּט דִיא אִיהְם פַר דִיא הָאבְּצַייט פָארְט גֶעיָאקְט מִיט הִינְט. אוּנ וַואסֶר מִיט סַאדְזֶם הָאסְט

דיא

א אִידְם אָפּ גִינָאמְן . דַאדוּרְךְ הָאט עֶר מִיךְ דִיר פַאר אֵיין
ן גִיגֶעבְּן . אִיךְ מוּז אִידְם פָאלְגִין וָואס עֶר בַּאפֶעהְלְט . אוּנ
ו מוּסְט אִידְם אוֹיךְ פָאלְגִין . אַלְס עֶלִיזַאבֶּט דָאס הֶערְט פוּן אִיר
ן . פַאלְט זִיא אִין אוּנְמַאכְט . זִיא אִיז גִילֶעגִין אִיבֶּר צְוַויא
וּנְדִין : מֶען הָאט זִיא קָאדְם דָר מִינְטֶערְט . דָר אַנְדְרֶעאוּס
דְרְזֶיע) הָאט זִיךְ אָהְן גִיטָאן זַיינֶע קְלַיידֶר דִיא פָארִישֶׁע אוּנ אִיז
אנְגֶן מִיט דִיא אָקְסִין אִין פֶעלְד פַאשִׁין . עליזאבעט הָאט זִיךְ
ן מֶעהְר נִישְׁט גֶעוִויזֶן פַאר דִיא הָאכְצַייט גֶעסְט . נוּר זִיא אִיז
עגִין אִין בֶּעט . עֶס זֶענֶן צוּ אִיהְר אַרוֹיף גִיגַאנְגֶן . דִיא אַלֶע
כְצַייט גֶעסְט . אוּנ דֶר גְרַאף לעאפאלד מִיט . ווִיא זִיא דֶעם
אף לֶעאָפָּאלְד דֶר זֶעהְן הָאט פַאלְט זִיא אִידְם צוּ דִיא פִּיס . אוּנ
ט צוּא אִידְם אִיךְ הָאבּ גֶעגִין דִיר גְרַאף גֶעזוּנְדִיקְט פַאר גֶעבֶּע
ר מַיינֶע זִינְד . אֵיין פְרוֹיעֶנְצִימֶער הָאט לַאנְגֶע הָאָר . אוּנ אֵיין
צִין פַארְשְׁטַאנְד . זִיא ווַיינְט זֶעהְר יֶעמֶערְלִיךְ פַר אִידְם . וֶועלְכֶם
ע גֶעסְט הָאבִּין מִיט גִיווַיינְט אִיבֶּר אִיהְר אוּמְגְלִיק . וֶועלְכֶם זִיא
זִיךְ אַלֵיין שׁוּלְדִיק . זָאגְט דֶער גְרַאף אִיךְ הָאבּ שׁוֹין רֶעכְט
אט דָאס דִיא פְרוֹיעֶנְצִימֶער דִיא מֶענֶר פַאלְשׁ זֶענֶן . יֶעצְט הָאט
ר אַייךְ אַלֶע אִיבֶּערְצַייגְט דָאס אִיךְ רֶעכְט הָאבּ . עֶלִיזַאבֶּט
נְט פַאר אִים אוּנ בֶּעהְט אִים זֶעהְר הַייס דָאס עֶר זָאל זִיא אוּם
ס אוּנְגְלִיק רֶעטְטֶן . אוּנ זָאגְט דוּא בִּיסְט דָאךְ אֵיין גְרַאף .
. בַּאזִיצְט אֵיין עֶדֶעלִין כַאַרַאקְטֶער . אוּנ דִי קָאנְסְט מִיךְ רֶעטְטִין .
ס מִיטְלֵייד הָאט דִיא אַלֶע גֶעסְט אִיבֶּער גִינוּמֶען . דֶר גְרַאף
אפאלד זָאגְט וָואס וֶועט זִיךְ טָאהְן לָאסְסִין . דָאס וֶוער אִיךְ פַר
טָאן . דִיא הָאכְצַייט גֶעסְט רַייזִין אָפּ מִיט הַאלְבּ לַייד . מִיט
לְבּ פְרַייד . בַּיים אָפּ פָארִין אִיהְרֶע עֶלְטֶערִין זָאגְט אִיהְר פָאטֶער
נָאטַארְיוּס . צוּם גְרַאף אֵיין רַאבֶּע (נוּקְם) מוּז אִיךְ גֶעגִין אַייךְ
אף הָאבִּין . -- עליזאבעט הָאט מִיט דֶעם גְרַאף אַנְדְרֶעזֶע קַיין פִיר

טאג ניט אוס גיהאלטין . זיא האט זיך צוא זאמ' גינומן איהרע אלע זאכין אונ איז גיווארין פאר שווינדן .

עליזאבעטס עלטערין זענן גיוואר גיווארין פון דעם נייען אונגליק דאס זייער טאכטר איז פארשווינדן גיווארין . האט ער זיך פאהר גינומן דיא מאכטר אויף צוא זוכן . ער האט אלץ פארקויפט , אונ ער מיט זיינע פרויא האבין גיוואנדערט אין דר וועלט . זיינע פרוי איז קראנק גיווארין אויף דעם וועג אונ איז פאר צער גישטארבין . דר נאטאהיוס שווערט ביא איהר גרוב אז דעם גראף לעאפאלד זיך נוקם צו זיין . אונ רייזט ווייטר . וויא ער גייט אזויא דורך איין וואלד . באפאלין איהם איין רובר באנדע . ער שטייט צוא זייא צוא . ער דרצייהלט זייא זיין גאנצע גישיכטע . אונד בעהט זייא דאס זייא זאלין זיך פר אים אן נעמן . אונ זיך אן דעם גראף לעאפאלד נוקם צו זיין דאן וועט ער זיי זעהר גיטרייא זיין . זייא זאגין צו איהם . ווען דו ווילסט קענסט דוא ביי אונז זיין אלס הויפטמאן--אונ וואס די וועסט זאגן וועלין מיר דיך פאלגין . דאן ווירסט דוא דיך אן דעם גראף קענן נוקם זיין . עס גיפעלט איהם דר פלאן זעהר גוט . ער נעמט מיט פריידע דאס הויפטמאנשאפט אן . זייא פיהרן איהם מיט דיא גרעסטע עהרע אין זייערע היימן אריין . אונ געבין איהם איבר דאס גאנצע ערראבערטע רייכטהום . אונ קניען פאר אים אלע אנידר . אונ שווערין איהם צו טרייהייט .

אלס דר נאטאריוס שוין רויבר הויפטמאן גיווארין איז . זאגט ער צוא זיינע באנדע . מיר ברויכין יעצט געלד . זא איז מיין באפעהל . ערשט דן גראף לעאפאלד . איין וויזיטע אפ צו האלטן איך וויל פריער צו אים שיקן איין בריף . דורך מיין לייב מענטש מארקוס . דאס ער זאל שיקן אונז צוואנציק טויזינט ראניש . די באנדע קניען פר איהם . אונ זאגין וואס דוא באפעהלסט וועלין

ר טָאן . אוּנ מַארְקוּס הָאט גְלַייךְ מִיט דֶעם בְּרִיף אַוֶועק גִירִיטֶען
ין צוּם גְרַאף . עֶר קוּמְט אִין שְׁלָאס אַרַיין אוּנ גֵייט אַרַיין צוּם
אף לעאפאלד . עֶר זָאגְט אִיךְ הָאבּ אַייךְ גְרַאף אֵיין בְּרִיהְף
רֶענְקְט פוּן מַיין הוֹיפְּטְמַאן . דֶר לֶעזְט אִיהְם דוּרְךְ אוּנ זָאגְט
ךְ הָאבּ קֵיין פָאַרְכְט פַאר דַיין הוֹיפְּטְמַאן . אוּנ זָאג דִיר אָהְן
לְסְט מַיין שְׁלָאס נִיט מֶעהְר בַּאזוּכֶן. זָאנְסְט וֶועל אִיךְ דִיךְ שִׁיסֶן-
רקוּס רַייט אָבּ מִיט דִיזֶר אַנְטְווָארְט צוּ זַיין הוֹיפְּטְמַאן . דֶר
אף שִׁיקְט אֵיין מֶענְטְשׁ מִיט אֵיין בְּרִיף צוּם קָאמֶענְדַאנְט פוּן
שְׁטָאט . דָאס עֶר זָאל אִיהְם שִׁיקֶן הוּנְדֶערְט מַאן מִילִיטֶער
הם צוּ בַּאוַואכִין. דֶען עֶר הָאט גִיהַאט נַאכְרִיכְט דָאס דִיא
בֶּר בַּאנְדֶע ווִילֶן אִיהְם בַּאפַאלִין . דֶר קָאמֶענְדַאנְט שִׁיקְט אִים
דֶערְט זֶעלְנֶר מִיט אֵיין אוֹפֶעצִיר . דֶר גְרַאף הָאט דִיא בְּרִיקֶן
ף גִיצוֹיגִין אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גוּט בַּאוָואהְרִינְט .

אוּף מָארְגִינְס אוּם צֶעהְן אוּהְר הָאט דֶר זֶעהְן דֶר מֶענְשׁ פוּן
רם דָס אֵיין וָואגִין מִיט דְרַייא פֶערְד לוֹיפִין אִין דֶעם גְרֶעסְטֶען
לָאפּ צוּם שְׁלָאס. ווִיא דֶר וָואגִין צוּם טוֹיר צוּ גִיקוּמֶען אִיזְט .
שְׁרַייט דֶר קוּצִיעֶר . דֶרְבַּארִימְט אַייךְ אוּנ לָאזְט מִיךְ אִין
ם שְׁלָאס אַרַיין פָאהְרִין . דֶען אִיךְ בִּין זֶעהְר אִיבֶּר גִישְׁרָאקֶן.
ל רוֹיבֶּערְם זֶענֶען אוּנְז אִיבֶּער פַאלִין אוּנ הָאבִּין מַיין הֶערְר
ט גִישְׁלָאגִין . עֶס קָאן נָאךְ זַיין מֶען וֶועט מַיין הֶער נָאךְ דֶר
טֶעוִוין דִי וַואכֶע זֶעהְט ווִירְקְלִיךְ דָאס לִיקְט אִין וָואגִין אַהַאלְבּ
טֶר מֶענְטְשׁ אוּנ זִיפְּטְץ נָאךְ מֶען הָאט אַרָאפּ גִילָאזְט דִי
יק אוּנ מֶען הָאט דֶעם וָואגִין אַרַיין גִילָאזְט. זַייא הָאבִּין בַּאלְד
ם צוּ שְׁלָאגֶענֶען גְלַייךְ אַרַיין גִיטְרָאגִין צוּם גְרַאף אִין זַיין סַאלֶיע.
ן הָאט גְלַייךְ פִיהְל רַאטְטָאנְג גִיגֶעבִּין . דֶר אִיז אַבִּיסֶל צוּא
גִיקוּמֶען. דֶר קוּטְשֶׁר פַארְצֵיילְט דָאס זַיין הֶער אִיז אֵיין פְּרִינְץ
אִיז גִיפָאהְרִין צוּ גַאסְט צוּ זַיין פַאמִילְיֶע . אִין עֶטְלִיכֶע מֶעג

איז דעם קראנקין פרינץ שוין פיהל בעססר גיווארין. דר גראף פרעגט איהם וואָרום ער איז זיך אונטר גישטאנן צו פאהרן דורך דעם שרעקליכן וואלד אן זעלנר באוואכט. זאגט ער איך בין שוין מעהר מאהל דורך גיפאהרן דעם וואלד. אונ עס האט מיר ניט גישאד. האב איך גימיינט אז עס וועט מיר יעצט אויך ניט שאטין. דר גראף פרייד זיך זעהר דאס ער האט דעם פרינץ ביים לעבין דרהאלטין. אויך דר פרינץ דאנקט איהם זעהר. פאר זיין מיה. אונד אומשטאנדן. אונ דר פרינץ וויל זיך מיט דעם גראף גיזעגינען. אונ וויל שוין אוועק פאהרן. זאגט דר גראף צוא איהם בלייבט נאך ביי מיר עטליכע טאג. אונ ריהט אייך גוט אויס אז איהר וועט שוין אין גאנצין גיזונד זיין. דאן וועט איהר פארין. דר פרינץ זאגט איהר האט רעכט אונ דר פרינץ בלייבט ביי איהם נאך אוף עטליכע טאג. — אין-דעם וויא דר גראף לעאפאלד מיט דעם פרינץ זויא צו זאמן רעדין. גיבט מען איין סיגנאל פון טאהרם דאס זעלנר געהן צום שלאס צו. דר גראף לויפט צו צום קליינם פענסטר. דר זעהט ער דם עס גייען גישלאסינע. אונ ארים זייא גייען סאלדאטן מיט דיא בלאנקע שווערדין אונ באוואכין זייא. זאגט דר גראף דאס איז גיוויס דיא רויבערס וועלכם דס קייזערליכע מיליטעהר זייא גיפאנגן גינומן האט. וויא זייא צום טויער צו קומן. זאגט דר אפעציר עפינט מיר דאס טויער. איך האב דיא רויבר באנדע גיקריגן אונ איך פיהר זייא גישלאסין איך בין זעהר מיהט. איך וויל מיך דא איבר נאכט אפ ריען. דיא וואך לאסט ארויף דיא בריק. אונ זייא אלע קומן ארין אין שלאס. דר אפעציהר באפעהלט מען זאל געבין פאר יעדין באזונדר איין קאמר. עס ווירד באלד גישעהן. דר קאציער פון דעם פרינץ האט באלד דר קענט דעם רויבר וועלכם ער האט צום ערשטין גישאסן אוף

דעם

עם פרינץ. ווייל ער האט גיהאט אגאנצע שווארצע באהרט
אנץ גרויס גיוואקסין שווארץ וויא אטאטער. דר גראף פארגעהט
עם אופיצידהר אין זיין סאליע אריין. אונ ווייזט אים אויך דעם
רינץ וואס זייא האבין צוא איהם גישאסין. אונ ער האט איהם
ירעטעט. זייא פרייען זיך אלע צו זאמען. מען מאכט איין רייכע
זיטאג. אום אכט אוהר דאס מארגינס זענען גיקומען דרייא וועגין
זיט מיליטעהר דר אופיציר הייסט אלע אריין לאזין דען זייא
ענען גיקומען דיא רויבערס אויף דיא וועגינס צוא פאר נעהמען.
זען עפינט דאס טויער זייא פאהרין אריין. אונד זייא זאגין דם
ר קאמענדאנט האט גיהייסין די הונדערט סאלדאטין אריין קומען
אין דר שטאעט אריין. אונ דיא סאלדאטין. זאלין בעוואכין
אס שלאס דער אופעציר האט צו זאמען גינומען זיינע הונדערט
אן אונ דר אנדערער אופעציר האט דיא וואך אפ געלאזט דער
ראף גיבט זייא עסין אונ טרינקען פון דעם שענצטען אונ בעסטען
ונ פרייד זיך מיט זייא ווייל זייא האבין דיא רויבערס גיפאנגן
ער צייקט זייא אויך דעם בריעף וואס דר רובר הויפטמא האט
ו איהם גישריבען וועגין צוואנציק טויזינט ראניש. אונ מען עסט
ונ מען טרינקט ביז נאוף דר נאכט. נאך דעם עסין זעצין זיי
ך אין קארטען שפיהלען. דר פרינץ שפיהלט אויך מיט זייא מיט
ין מיטען שפיהלען קומט אריין דר אופעציר. אונ נאך אים קומען
לע איינר נאך דעם אנדערין אריין. אויך דיא גישלאסינע זענען
שוין גיוועזין אויף גישלאסין. אונ יעדר מיט זיין גילאדינט גיוועהר
ין דר האנד. זאגט דר אפעציר צום פרינץ. הער הויפטמאן.
יך האב שוין מיין זאך אפ גיטאן. יעצט מוהט איר וואס צו
יך גיהער. דר פרינץ ווארפט אוועק דיא קארטען. אונ מיט
וים זיין שלאפראק ער בלייבט שטיין אין מאנדיר מיט גיוועהר
אלאהדינט אונ זאגט צום גראף קיין ווארט צו ריידין. זאגסט

שִׁסֶם אִיךְ אַייךְ. גִיבּ אַהֶער דַיין גֶעלְד. דֶען אִיךְ בִּין דֶר רוֹיבֶּר הוֹיפְּטְמַאן. דֶר גְרַאף אִיז זֶעהְר דֶערְשְׁרָאקֶען גִיבְּלִיבֶּן אוּנ גִיבְּט זַייא זַיין גֶעלְד. זַייא גֵייעֶן אוֹיךְ פוּן אֵיין שְׁטוּבּ אִין דֶר אַנְדֶערֶע אוּנ לֵיידִיקֶען אוֹיס אַלֶע שְׁטִיבֶּן אוּנ לֵייגִין אַלְס אוֹיף זֵייעֶרֶע וֶועגֶן אַרוֹיף. אוּנ דֶר גְרַאף מוּז אַלְץ פָאהְר-אוֹיס גֵיין אוּנ וַוייזִין. וִויא זַייא קוּמֶן אִין דִיא לֶעצְטֶע שְׁטִיבּ. דֶר זֶעהְט זַייא אֵיין קְלֵיין טִירְל. פְרֶעגִין זַייא וָואס אִיז דָאס פַאר אֵיין טִירוּל. עֶנְטְפֶערְט עֶר זַייא אִיךְ וַויים נִיט. וַוייל אִיךְ בִּין נָאךְ אִין מַיין לֶעבִּין נִישְׁט דְרִינֶען גִיוֶועזִין. זַייא עֶפִינֶען דִיא טִירְר מִיט גִיוַואלְד. זֶעהֶן זַייא עֶס אִיז טְרֶעפִּין אַרָאפּ צוּ גֵיין נוּר זֶעהְר פִינְסְטֶער. זַייא צִינְדֶען אָהְן לֶעכְט. אוּנ דֶר גְרַאף מוּז פָאהְר-אוֹיס גֵיין. זַיי גֵייעֶן אוּנְטֶען אִיבֶּר אַהַאלְבֶּע שְׁטוּנְדֶע. הָאט זִיךְ דֶער הֶערְט אֵיינֶע שְׁוַואכֶע שְׁטוּמֶע. זַייא גֵייעֶן נָאךְ דֶר שְׁטוּמֶע נָאךְ. זֶעהֶן זַייא אֵיינֶע אַלְטֶע פְרוֹיא לִיגְט דֶר הוֹיפְּטְמַאן פְרֶעגְט זַייא וֶוער זִיא אִיז. זִיא הֵייבְּט אָהְן מִיט גִיוַויין צוּ זָאגִין דֶר גְרַאף וָואס דָא שְׁטֶעהְט. דֶר אִיז מַיין זָאהְן. עֶר בְּרֶענְגְט זִיךְ אַלֶע מָאל מִיט אֵיין שֶׁעהְנֶם מֶעדִיל. אוּנ וואהְנְט מִיט אִיהְר אֵיין קוּרְצֶע צַייט. אוּנ צוּ לֶעצְט מוּז זִיא שְׁטַארְבִּין. דַאן בְּרֶענְקְט עֶר זִיךְ וִוידֶער אֵיין אַנְדֶערֶע. זוֹיא גֵייט עֶס בַּייא אִיהְם צוּ. אוּנ פַאר דִיא וֶועלְט זָאגְט עֶר דָאס עֶר אִיז אַקַאוַואלִיר אוּנ פַארְנִיכְטֶעט דָאס הֵייראַטֶען אוּנ זָאגְט דָאס דִיא פְרָאעֶנְצִימֶער זֶענֶען נִישְׁט טְרַייא דִיא מֶענֶר. אוּנ דִיא מֵיידְלִיךְ גֶעהֶן פִיל פַאר-לָאהְרִין דוּרְךְ זַיין הַאנְד. אוּנ זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערִין וֵייסִין נִישְׁט וִויא זֵייעֶרֶע טֶעכְטֶער קוּמֶען אַהִין. אִיךְ קָאן שׁוֹין נִישְׁט מֶעהְר דָאס שְׁלֶעכְטִיקְייט צוּ זֶעהְן. זוֹי הָאבּ אִיךְ גִיזָאגְט וֶוען דוּא וֶועסְט נִיט אוֹיף הֶערִין אַזוֹיא צוּ פִיהְרֶען זוֹיא וֶועל אִיךְ אוֹיס זָאגִין. דְרוּם הָאט עֶר מִיךְ מַיין זָאהְן דֶר מֶערְדֶער הִיר אַיין-גִיזֶעצְט. אִיךְ זִיץ שׁוֹין הִיר דְרַייא יָאהְר אִין דֶר פִינְסְטֶער. אוּנ עֶר גִיט מִיר וֵוייניג צוּא

עסין. אונ ווייניק צוא טרינקן. אום דאס איך זאל דא שטארבן.
ער פארימט אייך. ווען גאט האט אייך דא אריין גיברענקט אונ
נעמט מיך פון דאנן ארויס. אין דעם אנדערין פינסטערן צעמריל
זיצט אויך איין מעדיל איין גישלאסין. זיא איז פון איין רייך־
הויז. זיא איז ערשט אפאהר טאג דא. זיא האט זיך ניט גיוואלט
איהם אונטער געבין. דיא אלטע געהט מיט זייא הין. אונ ווייסט
ווי זי זיצט. מן האט מיט גיוואלד גיפינד דיא פארשלאסנע טיהר.
זייא נעהמן ארויס דאס מיידיל. זיא איז אלט זיבעצין יאהר גרויס
גיוואקסין שנייה ווייסעס גיזיכט. עכט שווארצע הארע. זייא
נעהמן דיא אלטע. אונ דאס מעדיל מיט אלע זאכין. וואס עס
געפינט זיך אויף זיינע פיהרן. אונ דעם גראף האט מען גיבינדן.
אונ מען האט איהם אויף גיזעצט. אונ זייא האבין דאס שלאס
פארברענט. דאס עס איז גיבליבן איין בארג אש. אונ די רובר
באנדע זענן אין זייערע היילין אריין. דער הויפטמאן האט גלייך
באפוילין מען זאל דיא אלטע מוטער וואסר מיט זייף געבין זי
זאל זיך אפ וואשין אוך נייע קליידר אהן צוא טאן. אונ גוט צוא
עסין אויך גוט צו טרונקן. דאס זיא זאל זיך איהרע קרעפטין
זאמלן. אונ דאס מעדיל האט ער באפוילן דאס מען זאל זיא בא־
האנדלין זויא וויא זיינע איגנע טאכטר. דר הויפטמאן פרעגט
דאס מיידיל. ווער זיא איז. אונ וויא אזויא זיא דא אהער
גיקומן איז. דאנקט זיא אהן מיט גיוויין איהם אלעס צוא דער
ציילין אונ זאגט איך בין איין איינציקע טאכטר. אונ מיין פאטר
איז דר פרינץ קארל. פון נעאפול. דר גראף לעאפאלד קומט
אימר צוא רייזין צו אונז. אונ מאכט בעלער. אונ רייט מיט
מיין פאטר אויף דר יאכט. (פאלאוואניע) ער פארלאנגט דאס
איך מיט רייטין זאל. איך רייט מיט. מיר רייטין אלע אין
וואלד אריין. זעהן מיר פיהל ווילדע טהירע (ווילדע חיות) אן גיקומן.

מיר האבין זיך אין וואלד צו לאזט אויף דיא פערד דם איינר פון
אנדערין האט ניט גיוויסט ווי מען איז אהין גיקומן. עס איז נאכט
גיווארין. איך פינדע דעם וועג ניט מעהר פון וואלד ארויס צוא
קומן. איך בין שוין מיהד גיווארין פון רייטין. אונ פון הינגר.
איך שטייג אב פון פערד. אונ בונד דאס פערד אהן אן איין בוים
אונ איך לייג מיך אפ צו רוהען. איך בין זעהר האסטיג איינגישלאפן
זויא איז דער גראף לעאפאלד גיוויס צו מיר אן-גיקומן. אונ האט
מיך מיט זיך מיט גינומן. אויף וואס פאר איין ארט ווייס איך ניט
וויל איך האב זעהר הארט גישלאפין. דם מארגינס זעה איך
דם איך אין דעם גראפס צימר ליג. איך האב מיך זעהר דרביי
דרשראקין. דער גראף איז גיקומן צו מיר אונ רעט מיר איין דאס
איך זיין ווייב בין. ער פארלאנגט פון מיר מיין עהרליכקייט...
איך זאג צו איהם הער גראף בעזונן זיך נור ווס זי ווילן מוהן עס
העלפט ניט מיט גוטן אונ ניט מיט בייזין. ער וויל מיך מיט
גיוואלד נייטין. איך זעה דם עס העלפט ניט. אונ איך וויל ערליך
בלייבין. זא האב איך איין מעסר גיכאפט אונ גיוואלט אים מיט
דעם מעסר שטעכין. וויא ער האט גיזעהן דם איך קיין שפאס
מיט איהם מאך. זוא האט ער מיך אין דער לופט גינומן. אונ האט
מיך אין דעם פינסטערין קעלר אריין גיטראגין. אונ האט גיזאגט
אין דיזן קעלר ווירסט דו מוזן שטארבין. ווייל עס זאל ניט ווייטר
קומן. אונ מיינע עלטערין טראהרין גיוויס נאך מיר. זיי ווייסין ניט
אוב איך לעב נאך. ווען איהר וואלט מיך הין ברענגן צוא מיינע
עלטערין. זוא וועלין אייך מיינע עלטערין פיהל פאר מיר אויס
קיפ-געלד געבין. דער הויפטמאן באפעלט נאך איין מאל מען זאל
איהר פון דם שענסטע אונ בעסטע געבין אונ מען זאל איהר די
בעסטע עהרע אן טאן. עס האט איהר ניט מעהר גיפעהלט נאר
דיא פרייהייט.. צוא מארגענס באפעהלט דער הויפטמאן דם מען

זאל דעם גראף אריין ברענגין. זיי ברענגן אים אריין. ער בפעלט מען זאל אים די קייטין אפ שליסן. ער שטייט פר זיי. זאגט דר הויפטמאן צום גראף. וואס האסטו פארדינט פאר דיין שלעכטע אויפפירונג. דוא ביסט איין גראף פון אידיל. אונ פארניכטעסט אלע פרויען געשלעכטס. אונ דו זעלבסט ביסט דר מערדר מאכסט זיי אונגליקליך הר גראף קניעט פאר אידם צידר אונ זאגט איך באקען מיין זינד. אונ פאר מיין זינד גיבע איך מיר זעלבסט דעם אורטהייל (פסק) דס עס קומט מיר צו שיסן. דר פסק איז פר מיר דס בעסטע. ווייל דס לעבין איז מיר שון ניט ליב. דא זאגט דר הויפטמאן צו זיין באנדע וואס פר אדעקרט זאל מען דעם גראף געבין. זאגין זיי ער האט זיך ניט בעסר פרדינט. נור מען זאל אידם אויף פיר טהייל צו טהיילין. אונ אויף פידר ערטר זיינע שטיקר צו ווארפין. דר הויפטמאן פרעגט די אלטע מוטר בשטייסט די אויף דעם פסק (אורטהייל) זאגט זיא וויא קען איך בשטיין אונ וויא וועל איך קענן צו זעהן וויא מען וועט מיין זוהן אוף ש. יקר צו האקין -- ער פרעגט דאס מעדיל וואס זאגסט דיא. זאגט זיא צום הויפטמאן. דו קענסט דאך דיינע אייגינע גיזעצע ניט ענדערין. איך האב גילעזין אייערע גיזעצע איז נור רייבע געלד אוועק צו נעמן. אבר ניט דאס לעבין. דר הויפטמאן באפעהלט דאס די גאנצע באנדע זאלין צו זאמן זיין. עס דארט ניט לאנג זענן זיך אלע צו זאמן גיקומען. דר הופטמאן זאגט ווער עס וועט אום געבין פון אונזר גיהיים. איז מיין באפעהל דעם זעלבין אופי ארט צו שיסן. ער זאגט גלייך צו די אלטע מוטר. איר וועט אויך פרייא קומן זויא מוזט איר שווערין דאס איר וועט אייך ניט וויסין מאכן ווס דא ביי אונז טוהט זיך זי האט באלד גישווארין. דס מעדיל האט אויך גישווארין ער זאגט צום מעדיל ווילסט דו אהיים צו דיינע עלטערין. זאגט זיא יא. זויא שרייב איין בריף צו דיינע

עלטערין

עלטערין. אונ איך וועל מיט דעם בריף אהין פארין. זיא שרייבט
גלייך דעם בריף מיט טרערין פארגאסין. דאס איז דער אונהאלט
פון בריף. ליבע אונד בארעמהערציקע עלטערין.

זייט איך פרלארין גינאנגן בין. שטעלל איך מיר פאהר אייער
טראער איבר מיר. איך בין ניט פון דר יאכט אונ ניט פון טהירן
גיפרעסין גיוואָרן. זאנדערין פארלאהרין. אונ באפינדע מיך יעצט
אין דיא רויבר באנדע. זיי בהאנדלין מיך זעהר גוט. אונ איך בין
פאלשטענדיק גיזונד. דר הויפטמאן וויל מיך צו אייך אפ פיהרן.
נור ער פארלאנגט אויס קויפגעלד. איך בעהט אייך ליבע טרייע
עלטערין. אונ קויפט מיך אויס. איך וויל נאך ענקר גיזיכט זעהן.
אייערע געפונענע טאכטער אננא. דר הויפטמאן נעמט דם בריף
אונ רייט זעלבסט צום פרינץ. עס דארט איינע קורצע צייט איז
דר הויפטמאן אין שלאס אריין גירייטן. דר הויפטמאן גיט דעם
פרינץ דעם בריף פון זיין איינציגע טאכטר. ער האט גלייך איר
האנד שריפט דר קענט. אונ איז גיפאלין אין אונמאכט דם מען
האט אים קום ערמונטערט. ער ריפט אריין זיין פרוי די פרינצעסין
אונ צייקט איר דעם בריף. זייא וויינען צו זאמן פר פרייד זייא
הייסין דם הויפטמאן נידר זעצין. דר פרינץ פרעגט וואס פרלאנגט
איר אויס קויפגעלד דאס איר זאלט זיא מיר אהיים ברענגן. זאגט
דר הויפטמאן פופציק טויזנט פראנק. רופן זיך ביידע אן פאר
אונזערע איינציקע טאכטר איז אלץ ווערט אוועק צו געבין איהר
וועט עס אויך באקומן. זאגט דר הויפטמאן איר וועט פילייכט צו
זאגין אונ דר נאך ניט געבין. איר מוזט מיר געבין גישריבן. דר
פרינץ האט אים גלייך גיגעבין גישריבן. דר הויפטמאן גיזעגענט
זיך מיט איהם. אונ זאגט איהם צו אום צווייא טאג זאל אייער
טאכטר אננא בייא אייך אין שטיב זיין. דר הויפטמאן קומט צו
הויז. אונ זאגט צוא דר אננא איך האב מיך גיזעהן מיט דיינע
עלטערין

עֶלְטֶערְן . דָא זֶעהְט דֵיין פָּאטֶערְס שְׁרַייבְּן . זיא דֶר קֶענְט אוֹיךְ
זַיינֶע שְׁרִיפְט . זִיא הֵייבְּט אָן צוּ וֵויינֶען . זָאגְט עֶר צוּ אִיהְר . נֶעם
דִיר צוּ זַאמֶ אַלֶע דַיינֶע זַאכְן . דֶען מִיר מוּזֶען פָּארְן צוּא דַיינֶע
עֶלְטֶערְן . זִיא פְרֵייד זִיךְ זֶעהְר בַּארִיבֶּר . זֵיי זֶעצְן זִיךְ אוֹיף אַיין
דִי קַארֶעטֶע אוּנ פָארְן אָבּ . אוּם צְוֵוייטְן טָאג דָם מָארְגִינְס זֶענֶען
זֵיי אָן גִיקוּמֶן צוּ אִיהְרֶע עֶלְטֶערְן . פַר גְרוֹיס פְרֵיידֶע הָאט מֶען גְרוֹיס
גִיוֵויין גִיהֶערְט . מֶען הָט נָאר גִיהֶערְט מַיין טָאכְטֶער . מַיין מוּטֶער .
מַיין פָאטֶער . דֶר הוֹיפְּטְמַאן וַואהְר אוֹיךְ אִין דֶר מִיטֶ . אוּנְטֶער- הֶעטֶר(?)
הָאט מֶען גִיזְשְׁרִיגֶן . עֶס וַואהְר דָארְט גְרוֹיס פְרֵייד . דִי פְרֵיידֶע אִיז
מֶען גָאר נִיט אוּמְשְׁטַאנְד צוּ בַּשְׁרַייבְּן ווִי עֶס אִיז דָארְט צוּ גִיגַאנְגֶען .
דֶר פְּרִינְץ נֶעמְט גְלַייךְ דָם גֶעלְד אַרוֹיס אוּנ גִיט עֶס אִים מִיט דֶעם
גְרֶעסְטְן פֶּערְגִינִיגֶן . עֶר זָאגְט אִיר זֶענְט מַיין טָאכְטֶערְס עֶרְלֶעזֶער .
זֶענְט אִיהְר וֶועהְרְט מַיין טָאכְטֶער צוּ הֵייַראטְן זוי זָאגְט אוּנְזֶערֶע
גִיזֶעצֶע אוּנ אִיךְ זֶעה דָם אִיר בַּאזִיצְט זֶעהְר אַיין אֵיידֶעלֶם כַּרַאקְטֶער
דֶען אִיךְ זֶעה דָם אִיר זֶענְט נִיט קֵיין גִיבָּארֶענֶער רוֹיבֶּר . אִיךְ וָואלְט
דָם גֶערְן וִויסְן ווִי אַזוֹי אִיר צוּ דֶעם הוֹיפְּטְמַאנְשַׁאפְט גִיקוּמֶן זִינְט
עֶר עֶרְצֶעהְלְט דֶעם פְּרִינְץ זַיין גַאנְצֶע גִישִׁיכְטֶע . דָאס עֶר אִיז נוּר
גִיוָוארְן אַיין רוֹיבֶּר הוֹיפְּטְמַאן אוּם אַיין רַאכֶע (נְקָמָה) אוּם צוּ פִּירְן .
ווִי דֶר לֶעזֶער הָט פְרִיעֶר גִילֶעזְן דָם אַיין וַוייבּ אִיז גִישְׁטָארְבְּן דוּרךְ
זַיין פַארְלָארִינֶע טָאכְטֶער . זָאגְט דֶר פְּרִינְץ וֶוען אִיר דָם הוֹיפְּטְמַאן-
שַׁאפְט וֶועק לֶעגְן וִוירְד . זוֹיא וִוירְד אִיר מַיין טָאכְטֶער הֵייַראטְן
קֶענֶען . זָאגְט עֶר עֶס מֶעכְטֶע זֶעהְר גוּט גִיוֶועזְן . נוּר אִיךְ וִויל עֶס
נִיט פְרִיעֶר אַוֶועק לֵייגְן . בִּיז אִיךְ מַיינֶע טָאכְטֶר ווִידֶר זֶעהְן וִוירְדֶע .
דַאן וִוירְדֶע אִיךְ דֶר זֶעלְבֶּר אֵיידִילְמַאן זַיין זוֹיא ווִיא פְרִיעֶר . אוּנ דָם
הוֹיפְּטְמַאנְשַׁאפְט וִוירְדֶע אִיךְ גֶעוִויס אָפּ גֶעבְּן . זוֹא ווִי זֵיי צוּ זַאגֶען
שְׁפְּרֶעכְן . בְּרֶענְגְט אַיין יוּנְגֶע הוֹיפְּדַאמֶע אַרַיין אַ בְּרִיף צוּם פְּרִינְץ
אוּנ גִיט דֶעם פְּרִינְץ דָם אָבּ . ווִיא דֶר הוֹיפְּטְמַאן דֶר זֶעהְט דִיא

יונגע דאמע זוא פאלט ער איבר איד. אונ זאגט ליבע טאכטער
דיא ביזט דא. זיא דרקענט איהם ניט. ער נעמט זיך אראפ זיין
שנאהרבאהרט. וועלכס ער האט זיך זי אן גימאכט מען זאל אים
ניט דר קענן. האט זי אים גלייך דרקענט אונ שרייט פאטר ווס
טיסט די דא. דר פרינץ הט אים אויך גלייך דרקענט דאס ער דר
נאטאריוס איז. דא וואר גרוס פרייד. דר פרינץ זאגט יעצט ווייס
איך ווער איר זענט. זוי מוזט איר מיינע טאכטר הייראטין. זאגט
דר נאטאריוס איך מוז ערשט מיין באנדרע דם פרמעגין צווישן זיי
צו טהיילן אונ זיי איבר הויפטן דם זיי מעדר קיינע רויברס ניט זיין
זאלין. דאן וועל איך אהער קומן אונ וועל אייער ווילן טאן. בעפאר
דר הויפטמן צו הויזע גיקומן איז. זעצט ער זיך ווידר אויף זיין
שנאהרבארט. אונ פערוקע. ער קומט אריין אין זיין צימר. בפעהלט
ער מען זאל פאהר ברענגין דעם גראף צום פאהער. דר גראף קומט
פאר אים פאהר. ער פאלט אים צו די פיס אונ זאגט העד הופטמן.
איך וויל שוין מיין אורטהייל (פסק) וויסן. זאגט דר הויפטמן איך
וויל פון דיר די ריינע ווארהייט וויסן. אונ ווען די מיר די ווארי-
הייט נישט זאגסט. זא חערסטו דו גלייך גיטייט. זאג מיר אויך ווי
עליזאבעט איז הין גיקומן. דען קיינר קען עס ניט וויסן נור דיא.
ער בלייבט שטיין ווי פרשטיינערט. קיין אוסרייט נור גלייך צוא
זאגין. ענטפערט דר גראף דם מארגינס נאך אירע האכציים. פאלט
זיא מיר צו די פיס. דם איך זאל זי אוים דען אונגליק ארוס נעמן.
דם מיטלייד האט מיך איבר גינומן. האב איך זי פון דעם ט ן דם
פאסטיך. אין גיהיים בסוד אוועק גיפיהרט. צו מיין קאמראדט
פרינץ קארל. איך האב איר מיין עהרן ווארט גיגעבין דם איך
העל זיא הייראטן אונ זי איז נאך ביז היינט דארט. אונ ווען
איך ווערע ניט גיפאנגין זוי מעכט איך שוין לענגס זי גיהייראט.
דר הויפטמאן זעהט דם ער די ווארהייט זאגט. זאגט ער צום

גראף . אונ יעצט האלפט דו זי אויך גיהייראטעט . יא מיט דעם
גרעסטען פערגעניגען . זאגט דר הויפטמאן ווען דס לעבען ביי דיר נאך
אביכל די ווערעהרט האט אונ ווילסט די פרייהייט גניסען . זיי זאלסט
דו מיר צו שווערין דס דו ווערסט ניט מעהר אזוי שלעכט האנדלין
געגין די פרוענצימער . אוך ווערסטו דיין אלטע מוטר שעצין . אונ
עהרן . זוי קענסט די אין איינינע טאג אום דיינע אונגליקן ארום
יעצט בעדהט איבר דיין אלטע מוטר . ער קניעט פר זיין מוטר .
אונ ויינט פר איר . אונ בעדהט איר אומפערצייאונג . זי האט אים
מוחל גיוועזין . יעצט מוזט איר ביידע מיר צו שווערין . דס איר
ביידע טרייהה זיין . אונ ווירד אייך קיין פאר ווארפע מאבין איינר
דעם אנדערין . אונ עס ווערט אלס בלייבין אין גיהיים בסוד . זייא
האבין גישווארין . דר הויפטמאן רופט צו זאמן די גאנצע באנדע .
זיי זענע גיוועזין דריי הונדערט) . זיי קניען פאר אים . אונ זאגן וואס
דר הויפטמאן באפעהלין ווירד . ווען מיר פאלגין . ער הייסט זיי
אלע אויף שטעלין אונ זאגט צו זיי . מיינע בריע אנטערמאנן . איך
האב מיך אן אייך איבערצייקט . דאס איהר זענט מענטשין מיט
פארשטאנד . מיר האבין שוין זעהר גרוסע רייכטום ערווערבט .
צו וואס זאלין מיר האבין פיינד די גאנצע וועלט . אונ ביא דעם
רייכטום אין שרעק צו לעבין . מיר האבין קיין טאג אונ קיין נאכט
דס מיר זאלין אין ריהע לעבין . איז מיין ראהט דס מיר רויבער-
גשיכטע אפ געבין זאלין . אונ דס פארטעהגין אין גלייכע טהייל
צו טהיילין . אונ יעדר קאן דאן נאך זיינר הימאט אהיים געהן .
אונ זיך רוהיג לעבין בלוים נור פון די פראצענטר . דען עס ווירד
אויף יעדין אויס קומן איבר צוויי מיליאן פראנק . וואס זאגט איהר
מיינע ליבע פריינד . דארויף . קענט איר דארויף צו פרידן זיין .
רופן זיך אלע מיט איין שטימע אן . וואס דר הויפטמאן זאגט איז
ביא אונז הייליג . מיר זענן זעהר צו פריהן . אונ קניען אלע ווידה

פר אים. ער ציהט ארונטער זיין שנאר באהרט. אונ זיינע פעראקע
דר גראף לעאפאלד דר קענט גלייך דעם נאטאריוס. אונ זאגט
פאטער פון מיין עליזאבעט. איך האב געגין אייך אונ געגין אייער
טאכטער עליזאבעט גיזינדיגט. זייט מיר מוחל. זאגט דר נאטאריוס
ווען איך וואלט דיר ניט גיוואלט מוחל זיין. זוי וואלסט דו שוין
פארביא גיוועזין. מען האט דס גאנצע געלד צו זאמן גינומן.
אונ דס גאלד אונ זילבר גישעהר עס וואר איינע היפשע זומע. זיי
האבין זיך אלע אהין גימאן זעהר רייך אונ זענן גיקומן צו פארין
אין שלאס ארין צום פרינץ קארל. דר פרינץ קארל מיט אננע.
אונד עליזאבעט. אויך דיא פרינצעססין לויפין זייא אנטקייגין
מיט דיא גרעסטע פרייד. דר פרינץ אונד אננא פאלט
איבר דעם נאטאריוס אונ פרייען זיך זעהר דאס זיי הער-
גיקומן. אויך עליזאבעט. נאכהער האט דר נאטאריוס זיינע
אלע פריינדע פאר זייא פאהר גישטעלט. דאס ער האט
זייא איינגילאדינט אויף דר האכצייט. דר פרינץ שטעלט
זיך פאר זייא פאהר אונ גריסט צוא זייא זעהר פריינדליך.
אונד גיבט יעדין באזונדר דיא האנט אויך דיא פרינצעסין אונ
אננא מיט עליזאבעט. זייא גריססן אויך זעהר פריינדליך דעם
גראף לעאפאלד. דר פרינץ פארבעדט אלע אין זיין צימער.
עס ווערט גימאכט איין גרוסר באל. אויך מוזיק ווערט
שיין גישפידעלט.

די האכצייט פון דעם גראפין לעאפאלד מיט עליזאבעטע

עס ווערט אום גישיקט איינלאדונגס-קארטין (חתונה בריוולך)
צו אלע גראפין אונ פירשטן. אויך אלע גוטע באקאנטע דאס זיי
בייא וואהנן זאל די הערליכע האכצייט. פון דעם גראף לעאפאלד
מיט זיין גיוועזינע כלה אודה ווי ־ווע אלמנה עליזאבעט. וועלכם
די האכצייט ווירד זיין אין פאלעה (פאלאטס) דם פרינץ קארל. אם

מאנהייט ילי. מען האט אויס רעסטאורירט איין גרויס ארטיגן שלאס אין די גימר פון גראפין לעאפאלד. עס וואר דר טויער פון פרינץ קארל ביז צום גראף לעאפאלד דר גאנצר וועג באדעקט מיט פארשידינע בלומן. דם שלאס איז גיוועזין עלאמענירט דם מען האט גימיינט דם שלאס שטייט אין איין פלאם פייער. די אלע שטעגן אונ וועגין. איז גיוועזין אויס גילייגט ראזע סאמעט. אונ טהירע בליםן טעפ אויס גישטעלט. פאר יעדין הויז איז גיוועזין גימאכט טוירין מיט קראנצין באדעקט. אונ פר יעדין פארן הויז איז גישטאנן פר דר מיהר איין לאנגן טיש מיט שטילן. אונ לאמפן אונ דר טיש איז גיוועזין גידעקט מיט ווייסע טושטיך אונ זילבר גישעהר. די פארין זענן גיקליידט גיגאנגן פיין פארקעמט בלאהע רעק שווארצע הויזין ווייסע וועסטין. ווייסע האלצטיכר. גיפוצטע שטיוול אונ אוף דר רעכטר האנד איז גיוועזן צו גיבונדן בלא. אונ ווייסע זיידינע בענדר. די פאירטס זענן בלאע קליידר אונ ווייסע בלאסקעס גיטאנגן. קרענץ אוף די קעפ ווייסע זאקין אונ ווייסע שיך מיט רויטע סטענגין אונ אויף יעדין הויז איז גיוועזין צווייא פעהנר, בלאה. אין וויים. עס איז גישטאנן אויף גישריבן גראף לעאפאלד. אונד עליזאבעט. עס איז אויך גיוועזין פאר יעדין הויז איינגעריכטעט האלטאנס. אין מיטן דארף איז גיוועזין גימאכט איין גאנץ הויכע האלטאנע זער שיין גיארבט מיט קרענץ באלייגט. אונד באלייכטונג. דא איז דיא מאזיק פון דרייא הונדערט מאזיקאנטין גיזעסין. אללע טאג זענן פרישע געסט אהן גיקוממן אונ זייא זענן שוין דארטין גיבליבן ביז איבר דיא האכצייט. עס האט זיך דארט דורך דר צייט פאר זאמטולט ביז צוא דר האכ־צייט דאמען אונד הערין איבר זעקס טויזנט פארשוין. איין מאנהייט פריער האט שוין די מוזיק אן גיפאנגן צו שפילן.

אונ זיא האבין זייא אללע טאג געשפיהלט . אונ עס איז אויך
געוואָרין גיטאנצט אונ גילעבט זעהר לוסטיג אלס דער מאנהייט
יאָלי אנגיקומען איז זויא איז אויך געוואָרדן דיא האכצייט
דיא מוזיק האט גישפיהלט . דאס פייער האט גיברענט זעהר
העלל פון דיא לאמפין . אויסער אין שלאָס וואס מען האט
גיגעסין . זויא איז גיגעסין געוואָרין אויף יעדין טיש פאר דאס
הויזע פון דעם פאהר . פאר דיא פאהרין אונד פארטם איז
געוועזין באזונדער מוזיק . זייא האבין גאר באזונדער גיטאנצט
אונ עס איז גישריגין געוואָרין הורא . עס זאָל לעבין דער פרינץ .
אונ דער גראף לעאפאלד מיט זיינע פרויא עליזאבעט . דיא
האכצייט האט גידויערט איבער איין מאנהייט . דיא גראפין
אונד פירשטין . אויך דיא גרעפינס האבין זעהר איבער
גיבעהטין דיא עליזאבעט . וועלכעס האבין ביא געוואהנט דיא
ערשטע חתונה . עס איז גיפאללין מתנות אללעס צוא זאמען
איבער דרייא מיליאָהן פראנק . אויסער גאלד אונ זילבער . נאך
דער האכצייט רופט זיך אהן דער מארקיס . מיינע העררין אונד
דאמען . נעהמען זיא מיך ניכט פאר איבל דאס איך זויא
פרייא בין אין זויא איינע גרויסע גיזעלשאפט צוא שפרעכין
נאר וויל איך וויכטיגס האב זויא ביטטע איך אום פארצייה-
אונג . רופן זיך אללע אן מיר ביטטן זעהר שפרעכין זיא וואס
זיא האבין .

מיינע העררין . אונד דאמען .

אין נאהמען מיינע דרייא הונדערט קאמראטין . אונז
גוטע ברודער . וועלכעס מיר ניעשט שטילל שווייגין קעננען
מוז איך עס אין איינפנבאהר ברענגין . זייט איין קורצע צייט
האבין מיר אין אונזערע גיזעלשאפט גישעפט פראפעטיהרן
פארדינסט איבער זעכציג מיליאָהן פראנק . אונ דאס געלט

זיינען

נֶמֶן אוּנְז גִיט בֶּענֶעדִיגְט . אִיז אוּנְזֶער וְואוּנְטְשׁ . פוּן דֶעם
עֶלְד הַייזֶער צוּא בָּאהְן . אוּנְד שְׁפִּיטֶעהְלֶר . פַאר אָרְמֶע לַייט
וּנג פַאר אוּנְגְלִיקְלִיכֶע זַייא אוּנְטֶער צוּא שְׁטִיצֶן . רוּפֶן זִיךְ אַלֶע
עסְט בְּרַאוָוא אָן . .

דָאס גֶעלְד לֵיגְין זַייא אִין דֶר בַּאנְק אַרַיין . אוּנ רַא-
יבֶּר וַוייהְלִין זַייא אוֹיס דֶעם פְּרִינְץ קַארָאל . אוֹיךְ דֶעם
בַּאף לֶעאָפָּאלְד אוּנְד דֶעם נָאטַארְיוּס . דִיא דְרַייא הָאבִּין
יבֶּר דֶעם גַאנְצִין גֶעלְד צוּא זָאגִין . אוּנְד צוּא בַּאפֶעהְלִין .
אלְס דִיא אֵידֶלֶע גֶעסְט הָאבִּין דָאס גִיהֶערְט פוּן זַייא .
אס וָואהְלְמִיגְקֵייט פוּן זַייא . אוּנְד פוּן אִיהְרֶע גוּטֶע מֵיינוּנג .
אַרַאהְטִין זִיךְ דִיא אַלֶע . דָאס דִיא לַייטֶע אֵיין בַּאלָאהְנוּנג
עהְרְט הָאבִּין צוּא בַּאקוּמֶן . אִיז זַייעֶר רַאהְט גִיוֶועזִין . אַלֶע
וִיט גוּטֶן ווִילֶען דִיא אַלֶע אַלְס אֵיידִילְלַייט צוּא קְרֵייהְגֶן . --
וּפְט זִיךְ אָן דֶר פְּרִינְץ קַארָאל . גִיאֶרְטֶע גֶעסְט . אוּנְד פְרַיינְדִן
וייגֶע צוּא קִינְפְטִיגֶע שְׁוִויגֶער זָאהְנֶס . אִיךְ דַאנְק אִיהְם זֶעהְר
אס עֶר מִיר הָאט אַזָאלְכֶע וָואהְלְטַהאטִיגֶע אוּנְד בַּארוּם-
אַרְצִיגֶע גֶעסְט מִיט גִיבְּרֶענְקְט . וֶועלְכֶס מְרַאכְטִין נוּר גוּטֶס
אַר דִיא אָרְמֶע . אוּנְד פַאר דִיא פַארְאוּנְגְלִיקְלִיכֶע עֶס פְרֵייד
יךְ זֶעהְר דָאס אִיךְ דֶערְלֶעהְבְּט הָאבּ בַּייא צוּא וָואהְנֶן
זָאלְכֶס . זוֹיא אִיז מַיין וְואוּנְטְשׁ . דָאס דִיא לִיבֶּע גֶעסְט אַיין
אַלָאהְנוּנג צוּא גֶעבִּין . דָאס זַייא אַלֶע אַלְס אֵיידִילְלַיטֶע צוּא
דֵיינֶן . רוּפִין זִיךְ אַלֶע אָ' . גַאנְץ רֶעכְט . גַאנְץ רֶעכְט . מָען
אט גְלַייךְ נָאךְ דֶעם פַּאסְטֶער (גַלַח) גִישִׁיקְט . עֶר הָאט דִיא
ראהְן שְׁטִיל מִיט גִיבְּרַאכְט . דִיא הָאבִּין זִיךְ אֵיינֶער נָאךְ דֶעם
דֶערִין הִין גִיזֶעצְט . אוּנְד דֶר פַּסְטֶער (גלח) נֶעהְמְט דִיא קְרוֹינ
ט אֵייהְר גִיסְט זַייא אוֹיף אִיהְרֶע קֶעפְּף . אוּנְד עֶס וֶוערְט
וּפֶן דָאס לֶעבִּין זָאל דִיא גִיזֶעלְשַׁאפְט דִיא נַייעֶ גִיקְרֵיינְטֶע

אֵיידִילְלַייטֶע. נָאךְ דִיזִין קְרִיגְן זַייא נִידֶר אוּנְד שְׁוֶועדְהִין. דָאס זַייא ווירְדֶן נִימַאנְדִין אוּנְרֶעכְטְס מָאהְן אוּנ קֵיינִימְס נִיט פַארְלַאנְגִין. אוּנ דִיא אֵיידִילְלַייט מִיט דִיא גְרַאפִין אוּנ פִירְשְׁטֶן הָאבִין צוּא זַאמְמֶן גִישְׁלָאסְסִין גְרוּדֶר שַׁאפְט. עֶס וַואר אוֹיךְ גְלַייךְ דֶעם נָאטַארְיוּס הָאכְצַייט מִיט דֶר פְּרִינְצֶעסִין. נָאךְ מִיט אַיין גְרֶעסִירֶע פַארַאדֶע אוּנְד אַלֶע גֶערְכְט זֶענֶן זִיךְ צוּא פָארֶן אוֹיךְ דִיא רוֹיבֶּר הָאבִין זַייעֶרֶע לֶעצְטֶע יָאהְרִין זִיךְ גוּט אוֹיף גִיפִיהְרְט דָאס זַייא זֶענֶן גִיוָוארִין דִיא גְרֶעסְטֶע אֵיידִיל לַייט אוּנ פְלֶעגִין צוּא מַאכִין בֶּעלִיעֶר אֵיינְס בַּייא דָאס אַנְדֶערֶע. אוּנ הָאבִין אוֹיס גִילֶעבְּט זַייעֶרֶע יָאהְרִין בְּשָׁלוֹם.

ע נ ד ע

